



אבאנאמענטס־פרייז פיר רוססלאנד:
יעהרליך 3 רובל, האלב־יעהרליך 1.50 רובל
פירטעל־יעהרליך 75 קאפ.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס־צייטונג"
נור 5 רובל יעהרליך, האלב־יעהרליך 2.50
רובל, פירטעל־יעהרליך 1.25 רובל.
איינצעלנע נומערן 7 קאפ. 14 העללער.
ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ.
40 העללער.

פרייז פיר מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 20 קאפ.
40 העללער, 50 פפעניג.

די אדרעסע פיר רוססלאנד:
Издательство „ТУШІЯ"
ВАРШАВА
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ".

א צייטונג פיר יודישע פרויען און פאמיליע.
ערשיינט יעדע וואך

רעדאקטארען:
פיר בעלעטריסטיק און פראווינץ־אבטהיילונג: מ. ספעקטאר.
פיר פובליציסטיק און וויססענשאפט: ד"ר ח. ד. הורוויץ.

פערלאג „פאלקס־בילדונג".

אבאנאמענטס־פרייז:
עסטרייך־אונגארן: יעהרליך 7.50 קראנען,
האלב־יעהרליך . . . . 3.75 „
פירטעל־יעהרליך . . . . 1.90 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 6.80 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר 6 שילינג 6 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 8.25 פראנק.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס־צייטונג"
יעהרליך 12.50 קראנען; 11.20 מארק;
11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך
און פירטעליעהרליך לויט דיעזע רעכנונג.

די אדרעסע פיר עסטרייך־אונגארן
און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Frauenwelt"
Krakau, Krakauergasse 12.

Krakau, 10 September 1902. | Nr. 11 | קראקוי, ח' אלול, תרס"ב.




## די עמיגראציאן און די יודישע פרוי.

אז אונזערע טעכטער ווערען שלעכט ערצויגען ווייסען מיר אלע. דער חדר מיט אלע זיינע פיעלע חסרונות איז דאך נור פאר'ן יונגעל און ניט פאר'ן מיידעל. פון א שלעכטען חדר קאן מען מאכען א גוטען. מיר הערען אפט רעדען פון מוסטער־חדרים, פון אלערליי מעטאדעס, ווי „עברית־בעברית" א.ד.ג. דאס אלץ איז פאר די יונגעלעך. די עלטערן, ווי אזוי ארים זיי זאלען ניט זיין, זארגען זיך קודם כל, אז דאס יונגעל זאל געהען אין חדר. דערפאר זעהען מיר אז אפילו די מיטלערע און רייכערע יודען שיקען זייערע מיידלעך ניט אין חדר.

ביי אונז יודען, וואו די ערציהונג פון די יונגלעך איז נאך פיעל ערגער ווי ביי „זיי", וואו מען לערענט מיט'ן קינד אלערליי שפיטצלעך נאר ניט וואס מען דארף — ביי אונז ווערט דאס מיידעל נאך פיעל ערגער ערצויגען.

דער רייכער און דער מיטעלער קלאס וויל ניט געבען דעם מיידעל א בעסערע ערציהונג, ווייל ער וויל פוז מיידעל ניט מאכען א

פרנסה־געבעריין אונ לערנען זי אזוי אהן שום תכלית וועט א יוד געוויס ניט מסכים זיין; אונ דער ארימער קלאס קען ניט די טאכטער בעסער ערציהען, הגם ער ווייסט, אז זיין טאכטער וועט דארפען ביטער הארעוועןן כדי דאס שטיקעל ברויט צו פערדיענען.

דאס אלעס איז טרויריג, זעהר טרויריג. נאר ווי אזוי די זאך איז — בלייבענדיג „אין דער היים“, פיהלט מען ניט אזוי די צרות, וואס עס קומען פון אזא מין ערציהונג.

דאס׳ מיידעל, סאי ארעם סאי רייך, האט געוועהנליך חתונה. איהר מאן, דער ברויטגעבער, זוכט פרנסה; מען ברייגגט קינדער אויף דער וועלט, וועלכע לעבען זיך ווייטער זייער וועלטעל.

דאס איז — ווי געזאגט — „אין דער היים“, ווען דאס לעבען געהט ווי עס איז גלאטליך. וואס טהוט זיך אבער אז דאס לעבען ווארפט אונז אין פערשיעדענע זייטען, ווען די פרוי, אויסער קינדער האבען, דארף זיין פעהיג אין דער וועלט?

אונ דאס דארפט איהר ניט פארגעסען, אז די בעל־הבית׳טע אין דער היים, וועלכע האט זיך געפיהרט איהר לעבען ווי עס איז, — קומענדיג אין א פרעמדען ארט, אין דער נייער היים, ווערט זי גאנץ צעבראכען. זי מוז אנהויבען „אויפ׳ס נייע“ צו לעבען, אונ ווייס נישט וואס צו טהון.

א פרוי קומט נאך לאנדאן למשל. דאס נייע לעבען, די אנדערע לופט, די פערשיעדענע מנהגים אונ אלעס ארום איהם, ווירקען אויף איהר משונה־מאדנע. זי ווערט ווי צומישט. עס דויערט א שטיק צייט אונ זי ווערט שוין איינגעוואהנט. דא הייבט זי זיך אן צוקוקען, אז דא קען מען ניט לעבען ווי אין אייישישאק אדער אין בויבעריק. דא פערדינט דער מאן א געוויסע סומע אונ דאס האט זי, — ניט מעהר א גראשען. זי ווייסט, אז עס מוזען קומען שלעכטע צייטען, ווען דער מאן וועט ניט האבען קיין ארבייט, אונ לעבען מוז מען. דא מוז מען אלעס אויסרעכענען עקאנאמיש — ווי אבער אויסרעכענען אלין, הויבט זי נישט אן צו וויסען.

דער קרעמער גיבט איהר דא אין משך פון 6 טאג אויף בארג. אויפ׳ן 7־טען מוז זי בעצאהלען אונ זי ווייסט ניט וויפיעל, ווייל זי קען ניט שרייבען. דער קרעמער שרייבט אהן אין דער גיך יעדעס מאל, ווען זי קויפט עפיס: 2, 3 אדער 4 פענעס (א פענעס איז בערך 2 קאפ.). א גאנצע וואך שרייבט ער אויפ׳ן צעטעל אונ אפטמאל מעהר וויפיעל עס קומט אונ די פרוי מוז אלץ בעצאהלען, וואס דארט איז אויפגעשריעבען. ערגער איז נאך, אז זי מוז עטליכע וואכען כסדר נעהמען אין קרעמעל אהן געלד, דאמאלס וואקסט אן א שרעקליכער בארג. דאמאלס איז לייכטער פאר׳ן קרעמער מעהר אויפצושרייבען אונ אפטמאל האט ער פשוט א טעות, שרייבט ער אויף מעהר, כדי זיינס זאל ניט געהן פערלוירען. אויסער דעם זענען דא טהיילמאלס אזוינע קונים, וואס פאהרען אוועק אונ בעצאהלען גאר ניט, אונ דערפאר מוזען דאך על פי יושר (אזוי דענקט זיך די קרעמערישע נשמה) בעצאהלען איהם די איבריגע קונים, וואס פאהרען ניט אוועק.

אזוי זעהען מיר, ווי דורך דעם וואס די פרוי קען ניט שרייבען, געהט די גאנצע פאמיליע פשוט צו גרונד. האט מען דא זיך העריינגעלאזט אין חובות, אזוי קריכט מען שוין ניט ארויס. ניט קענען שרייבען איז אין דערהיים אפשר נאר א שאנדע, — דא איז עס אבער א אומגליק.

ווייטער: א מיידעל אין דער היים, צי האט זי עלטערן צי ניט, א „היים“ האט זי כמעט תמיד. (ווענינגסטענס אין די טויזענדער קליינע שטעדטליך). עס טרעפט אפילו, אז עס קומט צו פאהרען א „שיינער בחור“, וועלכער זוכט מיידלעך אין זאק אריינצונארען. דאס טרעפט אבער זעלטען אונ דעם בחור קומט אויך ניט אזוי גרינג אן זיין „געשעפט“. דא אבער איז דאס מיידעל, וואס קומט אהן עלטערן, אלע מאל אין דער פרעמד, האט זי צו בעצאהלען פאר די וואהנונג איז גוט, אויב ניט וועט מען זי די איבריגע 8 טאג אדער 2 וואכען ניט האלטען. ווייסען ווייס זי גאר נישט, די לאגע ווערט שלעכט אונ אזוי פאלט

# פעליעטאן.

## ווער ווייסט?

אראמאן אין צוויי טהייל

פון

## שלום־עליכם

(פארטזעטצונג).

### IX.

### פייוועל „קאמיסניר“ שדכנט זיך צו דינה׳ן אונ רב שלום שדכן קאכט וועטשערע.

פון אלע חתנים, וואס האבען זיך געשדכנט צו דינה׳ן; האט זיך איהר קיינער אזוי ניט איינגענעסען אין הארצען, ווי פייוועל דער קאמיסניר, וואס האט געווארפען אויף איהר איין אויג שוין פון לאנג, נאך בשעת דאס ערשטע ווייב זיינס האט געלעבט. פייוועל דאס איז אזא מין טיפ, וואס מע מעג זיך אויף איהם אפשטעלען אונ בעקאנט מאכען מיט איהם אונזערע לעזער.

ווער קען ניט פייוועל דעם קאמיסניר? א מינדסט קינד אין מאזעפעווקא וועט אייך אנווייזען וואו ער זיצט. פייוועל איז א יונגערמאנטשיק פון היינטיגער וועלט, דאס הייסט ער איז געוועזען א יונגערמאנן גלייך מיט אלע יונגע לייט אין מאזעפעווקא, נאר פון זינט ער איז געווארען איין איינקויפער, א קאמיסניר אונ האט אנגעהויבען פאהרען אפט קיין יעהופעץ נאך סחורה, האט ער אראפגעווארפען דאס היטעל, איינטערגעהאקט די קאפאטע, צערעכט געמאכט דאס בערדעל, אנגעטהון א געפרעסטע מאנישקע, זיך אנגעהויבען רייבען צווישען יונגע לייט משכילים אונ איז געווארען א „סטעקראט“ אונ א חשוב אין שטאדט. נאר נישט צוליעב דער קורצע קאפאטע מיט׳ן געשערטען בערדעל איז ער געווארען א חשוב, ניין! ביי אונז אין מאזעפעווקא האלט מען קארג וואס פון א זעלכע לייט, וואס הייסען דארט „שנויץ מיט ברויט“. פייוועל איז געווארען א חשוב צוליעב דעם, וואס ער האט באקומען געלד (היבשע עטליכע טויזענד קערבלעך) אי פון וואנען אונ וואו ארום? נאר וועמעס עסק איז דאס? קארג נגידים, גבירים, אדירים פאראן אויף דער וועלט, וואס קיינער ווייסט ניט פון וואנען עס האט זיך צו זיי גענומען אזוי פיעל געלד? געלד דאס איז אזא מין סחורה, וואס פארערט נישט קיין פאטענט מיט קיין יחוס בריעף אונ א נגיד באדארף נישט האבען קיין „הכשר“ אויף זיין עשירות...

אז פייוועל האט באקומען געלד האט ער געווארפען איין אומ׳הן אויף זיין ווייב טעמע דערפאר, וואס זי האט נישט געוואלט

זי אריין צו יענע בעקאנטע פויגלען, וואס פארפיהרען זי אין א שלעכטען וועג. און ווען אפילו עס געהט איהר גוט, ד. ה. ווען זי פערדיענט איהר לעבען און נאך מעהר וויפיעל זי האט נייטיג, קען זי זיך דאך לאזען פערפיהרען: א גאלדענער רינג איז פאר איהר א אידעאל און וואס מעהר בריליאנטען ער האט (זאל זיין אויך פאלשע), וואס שווערער ער איז, אלס חשוב׳ער ווערט דער רינג און דורך דעם רינג — דער בחור, וואס פערמאגט אזא אוצר! און דאס זעלבע מיידעל, וואס אין איהר לאנד, וואלט זי קומען צו א שטיקעל תכלית, געהט אין דער פרעמד אפט אראפ פון וועג. דא, אין לאנדאן, רעכענט זיך אט דער בחור פאר דעם בעסטען און לייטישסטען חתן, ווער עס פערמאגט מעהר און גרעסערע רינגען צו געבען א מתנה דער כלה! דא איז דער רינג פאר׳ן מיידעל די הויפטזאכע און דער חתן א אומזיסטיגער ביילאגע, א פרעמיע.

איהר קענט אפשר מיינען, אז דאס איז אזא מנהג אין גאנץ ענגלאנד, ניין! דאס איז א מאדע נאר ביי די יודישע מיידלעך. דאס איז נאר דערפאר ווייל דאס מיידעל בעקומט אין דער היים גאר קיין ערציהונג.

אזוינע מיידלעך, אז זיי האבען חתונה און ווערען מוטערס, קענען זעהר שלעכט ערציעהען זייערע קינדער. נאך שווערער איז פאר זיי צו געבען זייערע קינדער א יודישע ערציעהונג, ווארום אין דער גרויסער וועלט־שטאדט, לאנדאן, איז זעהר שווער צו לערנען די קינדער אלץ, וואס א יוד ברויכט צו וויסען, און אז די מוטער אליין ווייס דערפון נישט און פערשטעהט אויך נישט צו שעטצען יודישקייט, בלייבט דאס קינד אהן יעדע יודישע בילדונג.

אבער איבער קינדער־ערציעהונג בכלל וועלען מיר רעדען איין אנדער מאל.

לאנדאן. ו. בן־אדם.

---

# די פרויען־וועלט.

## I.

## אלגעמיינע נייעס.

(פרויען־לעהרע אין די באלקאנלענדער). אין טהעסאלאניק זענען דא צוויי מעדכען־גימנאזיומס. אין בולגאריען און סערביען נעמט מען אומעטום אריין מיידלעך צו לערנען אין די מיטעל שולען און גימנאזיומס פאר יונגלעך. אין די דאזיגע שולען זענען דא א סך לעהרערינען.

(פרויען אלס לעהרער אין די אוניווערזיטעטען). דריי פרויען, וועלכע האבען בעקומען אין באסטאנער אוניווערזיטעט דעם דאקטאר־דיפלאם, זענען געווארען לעהרערינען אין דער דארטיגען אוניווערזיטעט.

(פרויען אלס בעאמטע אין אסטראגען). אין ניו־יארק זענען ניין פרויען געווארען בעאמטע אין פערשיעדענע אסטראגען, דער־רונטער איז דא איינע פרוי דירעקטארען, וועלכע איז דאקטארין דער פילאזאפיע.

(א גרויסע נדבה). א פרוי יאהאנא טנעווסקי האט אין איהר צוואה אבגעשריבען 50 טויזענד רובל אויף פערשידענע צדקה־חברות.

(די בעשעפטיגונג פון א פרויען־פעראיין). דער פרויען־פעראיין פון וויאטקא, א גובערניע אין רוסלאנד, וועלכער האט אייגענטליך גאר דעם צוועק אויפצופאסען קראנקע, האט זיך די לעצטע צייט שטארק בעשעפטיגט מיט העלפען די איינוואהנער פון דער גובערניע, וועלכע האבען שטארק געליטען פון דעם הונגער, וואס האט דארטען היינטיגעס יאהר געהערשט. זיין הויפט ארבייט איז געווען די ארעמע לייט צו פערזארגען מיט עסען און קליידער, און צו היילען די טיפוס און צינגא קראנקע.

(די דייטשע שולען פאר רוסישע פרויען). די דייטשע רעגירונג זוכט זעהר שטארק, צו פערקלענערען די צאהל פון די רוסישע פרויען, וואס קומען זיך לערנען אין די דייטשע אוניווערזיטעטען. דאס געזעטץ איז געוואהנליך געמאכט געווארען פאר אלע פרעמדע, אויסגעפיהרט ווערט עס אבער נאר געגען די רוסישע; פרויען פון אנדערע

---

אראפוואראפען דעם פאריק, און דערפאר וואס זי האט געקינדעלט אלע יאהר, און דערפאר וואס זי האט פונ׳ם אלע יאהר קינדלען באקומען פלעקען אויפ׳ן פנים. טעמע, וואס האט נעבאך אליין גענוג געליטען פון איהר אפט קינדלען, האט געהאט פון איהר מאן אפ־געשניטענע יאהר, אויסגעשטאנען אלע זיינע גלייכווערטלעך, שטעכ־ווערטלעך און גלאט ווערטער... טעמע פלעג אויסהערען, איהם אפשווייגען, קריינקען זיך אינוויינינג, א מאל אויפ׳ן געלעגער זיך גוט אויס־וויינען שטילערהייט, קיינער זאל ניט זעהען... די איינציגע, פאר וועלכע טעמע פלעג זיך א מאל אויסרעדען דאס הארץ, איז געוועזן דינה. דינה האט זיך אנגעקעהרט מיט איהר א פריינדיל, א גליד־גליד געשוועסטערקינד, און טעמע פלעג צו איהר א מאל אריינקומען אין קלייט אריין א ביסעל זיצען.

— וואס מאכט איהר עפיס, טעמע, פרעגט ביי איהר דינה, ווי געהט דאס אייך אין געזונד?

— אוי, געזונד, אז אך און וועה איז מיר מיט מיין געזונד! הערסט דו, דינה, דאס הארץ זאגט מיר, אז דאס איצטיגע טראגען מיינס וועט מיר דערגעהן דעם עק... איך פיהל, איך פיהל, אז איך טראג ביי זיך אין בויך דעם מלאך המות מיינעם! נאר איך בעט גאט אלע טאג, ווי דערלעב איך שוין, ווי דערציה איך שוין פטור ווערען פון אזא געמוטשעט לעבען, פון אזא וועלט, ווי איך האב!

— איהר רעדט ווי א קינד, טעמע, כ׳לעבען — אזוי רעדט איהר אויס דינה דאס הארץ. — איהר טארט אזוי נישט רעדען, טעמע, איהר האט קליינע קינדער, איהר באדארפט זיין א מאמע אייערע קינדער.

טעמע דערהערט דאס ווארט „קינדער", הויבען איהר אן קאפען טרעהרען, ווי באב, קויקלען זיך איבער׳ן געפלעקטען פנים, און פאלען, פאלען אראפ. טעמע וויינט נישט, ניין, נאר טרעהרען קאפען אליין, פון זיך, קויקלען זיך און פאלען, פאלען. און טעמע דערעדט זיך, דערצעהלט אויס פאר דינה׳ן אין גאנצען איהרע צרות, אלסדינג וואס זי טראגט איבער פון איהר פייוועל׳ן, ווי אזוי ער באגעהט זיך מיט איהר, ווי אזוי ער באליידיגט זי אלע מאל פאר פרעמדע מענשען, און מיט די דינסטען ווי אזוי ער פיהרט זיך... אלץ, אלץ דערצעהלט איהר אויס טעמע, פארדעקט נישט פון איהר קיין זאך, דערצעהלט ווי זיי האבען א מאל געלעבט צופריעדען, גליקלעך איידער ס׳איז געווען געלד, אט דאס פארשאלטענע געלד, איינגעזונקען זאל דאס ווערען!...

— הערסט דו, שוועסטער לעבען, וואס איך וועל דיר זאגען? — אזוי מאכט טעמע צו דינה׳ן שוין פארן אוועקגאנג מיט רויטע אנגעשוואלענע אויגען, — זיי זענען אלע אזוי, אלע מאנסבלען זענען אזוי,

לענדער, ווי אמעריקא, ענגלאנד און רומעניען, לאזט מען גאנץ לייכט אריין אין די אוניווערזיטעטען.

**(א האנדעל־שולע פאר פרויען).** אין יעקאטערינאסלאווער פרויען־גימנאזיום עפענט זיך, פון אויגוסט, א בעזונדערע אבטהיילונג פאר האנדעל־לעהרע. דער יעקאטערינאסלאווער גימנאזיום־ראטה האט געבעטען דעם קוראטאר פון אדעסער לעהר־קאמיסיאן, ער זאל פועל'ן מען זאל אריינעמען די שילערינען, וואס האבען געענדיגט דעם קורס פון דער האנדעלס־אבטהיילונג אין אכטען קלאס, כדי צו בעקומען דאס רעכט צו לעהרנען פרעמדע שפראכען, (דאס הייסט נישט רוסישע) און געאגראפיע. דער קוראטאר האט דעם גימנאזיום־ראטה מודיע געווען, אז ער וועט זיך וועגען דעם בעמיהען ביי דעם מיניסטעריום.

**(א פרוי א „פריוואט־דאצענט").** פרוי ד"ר פאסמאניק איז געווארען פריוואט־דאצענטין פאר נאציאנאל־עקאנאמיע אין דער זשענעווער אוניווערזיטעט. זי איז אין דער עקאנאמישען פאקולטעט די ערשטע פריוואט־דאצענטין. אין די אנדערע פאקולטעטען זענען שוין דא פון לאנג דריי פריוואט־דאצענטינען.

**(א נעגער־פרוי איין אפאטהעקערין).** אין לואיזאנא אין אמעריקא האט פרוי קאמילא אליווא גרין אויסגעהאלטען דאס אפאטהעקער־עקזאמען און האט בעקומען א דיפלאם. פרוי גרין איז א נעגער־פרוי און זי איז די ערשטע נעגער־פרוי אין דער וועלט, וועלכע האט אזא דיפלאם בעקומען.

**(די ערשטע פרויען־דאקטאר אין שוועדען).** אין שטאקהאלם די הויפטשטאדט פון שוועדען איז מיט אפאר וואכען צוריק א פרוי געווארען דאקטאר־מעדעצין. די פרוי איז די ערשטע דאקטאר אין שוועדען.

**(א נייער פעראיין).** דעם 4טען יוני האט זיך אין שטאקהאלם געגרינדעט א פרויען־פעראיין מיט דעם נאמען „דאס פאליטישע שטימרעכט". דער צוועק פון דעם פעראיין איז, אז די שוועדישע פרויען זאלען אויך האבען דאס רעכט צו מישען זיך אין פאליטיק און אויסקלייבען דע־פוטירטע.

II.

## יודישע נייעס.

**(א יודישע פרוי בעקומט די ערשטע פרעמיע).** די יודישע שריפטשטעלערין לעאנא מאירדאף, וועלכע שרייבט זיך אונטער „לעא הילדאק", האט בעקומען אין דער מינכענער אויסשטעלונג די ערשטע פרעמיע פאר איהר בוך „די צייטפרויען", וועלכעס זי האט פערפאסט.

**(יודישע צדקות).** די באראנין עדמונד ראטהשילד, א פרוי פון דעם בעוואוסטען ראטהשילד אויס פאריז, וואס שטיצט די יודישע קאלאניעס אין ארץ ישראל, האט מנדב געווען א גרויסע סומע געלד צו בויען איין אנשטאלט פאר יודישע פרויען, וועלכע האבען קיין ארבייט נישט. אין דעם דאזיגען הויז וועלען די פרויען בעקומען איין ארט צו שלאפען און אויך עסען פאר זעהר וועניג געלד.

**(א נייער יודישע פרויען־פעראיין).** אין לאנדאן געפינען זיך פיעל פרויען־פעראיינען פון פערשידענע צדקות. נישט לאנג האט זיך געגרינדעט א נייער גמלות חסד פעראיין, צו בארגען געלד ארעמע פרויען.

**(א לאנדארבייט שולע פאר מיידלעך).** נאך די ימים טובים וועט זיך עפענען אין דער שולע פאר לאנד־און־גארטען־ארבייט וואס איז אין אהלם ביי האנאווער א בעזונדערע אבטהיילונג פאר מיידלעך; צו דעם צוועק איז געבויט געווארען א בעזונדער הויז. אין דער דאזיגער שולע וועט געלערנט ווערען א חוץ די אלגעמיינע וויסענשאפטען, וואס ווערען געלערנט אין אלע מעדכען־שולען, אויך אלע הויז און ווירטשאפט ארבייט, פלאנצען גארטענס, מעלקען בהמות, עופות האדאווען, וואשען וועש, קאכען וכדומה.

**(ניעקראלאג).** אין ירושלים איז נישט לאנג געשטארבען די מוטער פון דעם בעוואוסטען יודישען מתעסק אין צדקה־זאכען נסים בכר. די פרוי בכר האט תמיד געארבייט לטובת הכלל, און א סך יאהרען האט זי מיט געהאלפען איהר זוהן ארבייטען אין די שולען פון חברת כל ישראל חברים.

---

זאלסט נישט חתונה האבען, דינה! הערסט וואס איך זאג דיר? קיין מאל נישט!

פייוועל האט נישט אנגעהויבען צו וויסען דערפון, אז זיין ווייב דערצעהלט דינה'ן אלדינג, וואס ביי זיי טהוט זיך; עס איז איהם גאר אויף דער מחשבה נישט געקומען, אז דינה קען איהם דורך און דורך, און, אלס גליד־גליד געשוועסטערקינד, פלעגט ער אריינקו־מען, ווען ער האט צייט געהאט, צו יהושע יענקלען אין קלייט אריין א ביסעל פארברייגען, דערצעהלען מעשיות, באריהמען זיך, זאגען ווערטלעך און בשעת מעשה קוקען אויף דינה'ן מיט זיינע קליינע פייכטע אייגעלעך, וואס ווייזען אויס, אז זיי וויינען אפילו דעמאלט בשעת ער לאכט. די דאזיגע פייכטע אייגעלעך האט דינה נישט געקאנט אנקוקען, און פייוועל פלעגט זיך בחורען, פלייסען זיך דווקא ער זאל איהר געפעלען. ער פלעגט אפטליך מיט איהר פארבינדען א שמועס פון „היינטיגער וועלט" און פון „א מאליגער וועלט", איהר געבען אנצוהערענעס, אז שעמען זיך איז שוין לאנג געווארען אויס מאדע, אז אין יעהופעץ איז אנדערש; דארטען אין יעהופעץ זענען די „מאמזעלען" באקענט, אויסגעבונדען מיט אלע מאנסבלען. מע געהט ארום אינאיינעם, מע שפאצירט אונטער די הענד; און נאר דא, אין דעם וויסטען מאזעפעווקא, ברענגען זאל דאס, האלט מען נאך פון די אלע יודישע זאבובאנעס.

— איך מיין — פלעגט איהם דערויף דינה פרובען ענטפערען — איך מיין, אז דארטען זענען די מאנסבלען אויך אנדערש; איך מיין אז דארטען האבען די מאנען אין זינען זייערע אייגענע ווייבער און באגעהען זיך מיט זיי לייטישער, ווי דא, ביי אונז...

— וואס געהר זיך אן דאס מיט דעם, פחע־חע? — פלעגט זיך פייוועל אויסלאכען און די פייכטע אייגעלעך זיינע האבען אויסגע־וויזען ווי זיי וויינען — א ווייב איז א ווייב און א באקענטע „מאמזעל" איז עפיס אנדערש. אוי, דינה ביזט נאך גאר א ציגעל, כלעבען! דו ווייסט נאך גאר נישט, וואס אויף דער וועלט טהוט זיך. דו מיינסט, אז דא אין מאזעפעווקא, ברענגען זאל דאס, איז די גאנצע וועלט? א וועלט איז דארטען, דארטען אין יעהופעץ!...

שפעטער אז פייוועל איז געבליבען איין אלמן (טעמע נעבעך האט געטראפען: זי האט געהאט א טויט קינד, זיך אפגעמוטשעט עטליכע טאג און איז געשטארבען), האט זיין אריינקומען צו דינה'ן אין קלייט אריין באקומען איין אנדער פנים. תחלת האט ער זיך באקלאגט און באוויינט (זיינע פייכטע אייגעלעך האבען איהם גע־האלפען וויינען), ער האט שטארק רחמנות געהאט אויף טעמען, וואס זי איז נעבאך אזוי יונג פון דער וועלט געגאנגען; איין גאט ווייסט דעם אמת, ווי זי טהוט איהם באנג... נאכדעם האט ער אנגעהויבען זיך איין עצה האלטען מיט דינה'ן — פארט עפיס איין אייגענע און

# ווי קוקען קינדער אויף בעשטראפען?

(ענדע).

איינע א פוילע מיידעל דערצעהלט פון זיך אליין, אז זי איז געוועזען זעהר פויל, נאר אמאל האט איהר די מוטער מיטגענומען אין א בעקעריי, האט זי דארט געזעהען, ווי מענשען ארבייטען אזוי שווער טאג און נאכט, און פון דענסטמאל אן האט זי אנגעהויבען שעמען זיך מיט איהר פוילקייט און זיך אויסצובעסערען. לסוף וויל איך ברענגען נאך א קינדערשע מעשה'לע וועלכע רופט זיך אן: „דאס קאפריזנע מיידעל". די שרייבערקע פון דער דאזיגער מעשה'לע, א מיידעל פון 9 יאהר, דערצעהלט פון איהר העלדען, אז זי האט באלד זיך אנגעהויבען בעסערען, נאכדעם, ווי מען האט איהר פארגעלייענט א מעשה וואס הייסט: „דער קליינער צייטונג-טרעגער", אין וועלכע עס ווערט פארגעשטעלט, ווי א פערצויגענע א קאפריזנע מיידעל האט געוואהנט צוזאמען מיט א קליינעם ארימען יונגעל, א צייטונג-טרעגער, וואס האט געארבייט א גאנצען טאג און געליטען נעביך הונגער און נויט. — אז מיר זאלען נעמען בעטראכטען די מיינונגען, וועלכע די קינדער האבען אין זייערע מעשה'לעך ארויסגעזאגט, וועלען מיר קלאר און דייטליך ארויסזעהן, ווי ווייט וויכטיג עס איז די ערציעהונג און דאס לערנען פון פיעלע קינדער אין איינעם, בכדי צו ענטוויקלען אין זיי די חבר'שע געפיהלען און אלערליי גוטע מדות.

איך מוז דא נאך דערמאהנען דעם פאקט, אז אנדערע קינדער הייסען דווקא שטרענג בעשטראפען פאר יעדע זינד, וואס א קינד בע-געהט. אזוינע קינדער זענען, צו מיין גרויסען פערוואונדערונג, זעהר פיעל, ווי איך האב שוין אויבען דערמאהנט, 0 פראצענט פון די קינדער האבען ארויסגעזאגט מען זאל שטרענג בעשטראפען, און אנדערע האבען אפילו בעוויזען פיעל אכזריות דערביי. אזוי, למשל, האט איין מיידעל געשריעבען, אז ווען זי וואלט געוועזען א לעהרערין, „ארויסגעזאגט אלע פוילע שילער און וואלט אויפגעשריעבען אויף זייערע מעטריקעס, מען זאל זיי אין קיין שולע נישט אריינגעמען". אנדערע הייסען: „אז מען זאל אלע „שלעכטע יונגלעך" צונעמען פון חדר און אוועקגעבען צו א שוסטער אדער צו א שניידער". די דאזיגע שטראפען זענען, ווי עס ווייזט אויס, אנגעהערט פון די עלטערן, וועלכע פערשטעהען נישט, אז אזוינע סטראשונקעס דערוועקען ביים קינד שנאה צו דער מלאכה. א סך מיידלעך, בפרט גאר יונגע פון 7 יאהר, האבען געזאגט, אז ווען זיי וואלטען געוועזען מאמעס, וואלטען זיי גאר נישט געוואלט האבען קיין שלעכטע קינדער, זיי וואלטען זיי אוועקגעגעבען די ציגיינער. איין מיידעל (די יונגסטע פון אלעמען) זאגט: „אז ווען זי זאל זיין אויף די מאמעס ארט, וואלט זי איידער צו בעשטראפען איהר מיידעל, געבעטען גאט, זי זאל גאר קיין קינדער נישט געבארען". אנדערע מיידלעך ווידער האבען געזאגט אז: „זיי וואלטען אזוי לאנג געשלאגען זייערע קינדער, ביז זיי וואלטען זיך געמוזט אויסבעסערען; איינע געברויכט אפילו דעם אויסדרוק: „איך וואלט זיי געשלאגען ביז בלוט". אזא שטרענגע מיינונג פון קינדער-בעשטראפונג האט מיך שטארק געוואונדערט, און איך האב בעקומען גרויס חשק צו דערגעהן די סבה פון דעם. נאך מעהר האט מיך געוואונדערט, וואס אלע קינדער וועלכע האבען געזאגט זייער מיינונג, אז מען דארף בעשטראפען מיט קערפערליכע שטראף, צייכענען זיך אויס דווקא מיט זייער ווייכען רחמנות'דיגען כאראקטער, און איינע פון זיי צייכענט זיך בעזונדערס אויס מיט איהר גוטע הארץ און לעבעדיגע פאנטאזיע און האט זעהר ליעב פאעזיע. איך האב פאר-זיכטיג אויסגעפריוועט און אויסגעפרעגט די קינדער און איך האב מיך איבערצייגט, אז זייערע עלטערן געברויכען קערפערליכע שטראפען. מיר דוכט, אז איך בין מיך נישט טועה דערמיט, וואס איך בעשולדיג די עלטערן אין די הארטהערציגקייט פון זייערע קינדער. די ליעב-שאפט נאכצוטהון אלץ וואס די גרויסע טהון, וואס ליגט שוין אין דער קינדישער טבע, שפיעלט אויך דא, ווי אין אלע אנדערע זאכען, א גאנץ גרויסע ראלע. א קליין קינד שלאגט זיין קוקלע. זיין ליאלקע

א „קאמפמענש" — וואס טהוט מען מיט די קינדער נעבעך? א גאטס רחמנות אויף זיי! חתונה האבען? מי יודע וואס פאר א שלאק מע קאן אנטרעפען? יאו קריגט מען דען נאך א זעלכע, ווי טעמע איז געוועזען?... זיצען אזוי? עפיס אויך נישט קיין פלאן: עס ווערד א תל פון דער שטוב און טאקי ווידער אמאל די קינדער. נאר ניין! ער וועט בעסער בלייבען איין אלמן אויף תמיד. איידער ברייגגען די קינדער א שטיפמאמע. ווי זאגסט דו, דינה?

— איך זאג אויך דאס אייגענע — ענטפערט איהם דינה און קאן איהם נישט קוקען אין פנים אריין.

פייוועל קוקט אויף דינה'ן מיט די פייכטע איינגעלעך און קאן ניט פארשטעהן, וואס באדייט איהר ענטפער, וואס מיינט זי מיט די ווערטער: „איך זאג אויך דאס אייגענע"? און פאר וואס קוקט זי איהם נישט אין פנים אריין? עס געהט אוועק עטליכע טעג ביז ער פועלט ביי זיך און שיקט אונטער רב שלום שדכן צו יהושע יענקלען און צו לאה'ן און זאגט איהם אן: למען השם ער זאל זיך ניט דערוועגען אויסרעדען, אז ער, פייוועל, האט איהם געשיקט, נאר זאל גלאט אזוי אנשמעקען, א טאפ טהון, וואו האלט דאס.

רב שלומ'ן איז דער עסק שטארק געפעלען. ער האט גע-שווארען בנאמנות, אז ער האט שוין לאנג דערפון געטראכט, נאר ער האט אלץ געווארט: „א קשיא, טאמער, ווי זאגט ער"... א צינד זעהט ער ארויס באשיינפערליך, אז דער שדוך איז מן השמים, ווא-רום גלייכער דערפון קאן שוין גאר אויף דער וועלט ניט זיין! און רב שלום שדכן האט צעלאזט די פאלעס און איז אוועק צו יהושע יענקלען, אפגעשמועסט מיט איהם א שעה צוויי. איבערגערעדט נאכדעם מיט לאה'ן, איינגעטענה'ט און ארומגערעדט די זאך פון אלע זייטען, באווארענט אלדינג ארום און ארום — און ס'איז געבליבען, אז אם ירצה השם מארגען זאל ער קומען נאך תשובה. רב שלום האט זיך געגלעט די בארד, געפרובט בארעכענען דעם רח"ש, וואס ער קאן דא חאפען, און איז געקומען א היים לעבעדיג, פריילינך, געהייסען דעם ווייב קאכען וועטשערע — טייגלעך מיט פאסאלים — און איז א גאנצע נאכט ניט געשלאפען, זיך געקאטשעט פון איין זייט אויף דער אנדערער, געגענעצט, געצויגען זיך און געציטערט ווי אין א קדחת. ערשט ארום פארטאג האט רב שלום געחאפט א דרימעל און עס האבען זיך איהם געפלאנטערט א גוזמא הונדערטער הארטע, קנאקענדיגע, שוועבען איהם פאר די אויגען, פליהען אין דער לופטען, דרעהען זיך ווי פעדערען אין א שטורמווינט! רב שלום יאגט זיך נאך, וויל זיי חאפען, ציהט אוים בביידע הענט, לויפט, לויפט און... חאפט זיך אויף.

(פארטזעטצונג קומט).

נאר ווייל עס האט געזעהען, אז די גרויסע טהון אזוי. דאס נאכמאכען, וואס דאס קינד טהוט נאך די גרויסע, נישט וויסענדיג און נישט בעמערקענדיג, וואס עס טהוט, ווערט מיט דער צייט ביי איהם א צווייטע נאטור און דאס קינד ווערט איין אמת'ער אכזר, א טיראן. וואס מעהר דאס קינד הייבט אן פערשטעהען, וואס מעהר זיין לעבען הייבט אן צו זיין פאר איהם בעוואוסט, ווירקט אלץ שלעכטער אויף איהם דאס שלאגען, עס ערוועקט אין איהם ביזקייט, ביטערקייט און חשק צו נקמה. עס פערשטעהט זיך, אז אזוינע מיני געפיהלען קענען געשווינדער ענטוויקלען ביים קינד שלעכטיגקייט און אכזריות, אבער נישט אויסבעסערען זיינע מדות. צו אונזער בעדויערען קלערען אונזערע עלטערן גאר ווייניג וועגען דעם, וואונדערען זיך אפט, אז די קינדער זייערע ווייזען ארויס שלעכטיגקייט און אכזריות און בעמערקען גאר נישט, אז זיי אליין האבען זיי בידים איבערגעגעבען די אכזריות.

איין ענגלישער שריפטשטעלער רעסקען זאגט: „דער איינציגער ציעל פון דער ערציעהונג בעשטעהט אין דעם, אז מען זאל די קינדער ברייגען אזוי ווייט, אז זיי זאלען נישט נאר זיך גוט אויפפיהרען, נאר זיי זאלען אין דעם גוטען אויפפיהרען געפינען א תענוג; נישט נאר זיי זאלען זיין פלייסיגע שילער, נאר זיי זאלען ליעב האבען דאס פלייסיג זיין; נישט נאר זיי זאלען זיין געלערענט, נאר זיי זאלען ליעב האבען די וויסענשאפטען; נישט נאר זיי זאלען זיין ריין, נאר זיי זאלען ליעב האבען די ריינקייט; נישט נאר זיי זאלען זיין ערליך, נאר זיי זאלען ליעב האבען די ערליכקייט“. מיט בעשטראפען וועלען מיר קיינמאל נישט איינפלאנצען אין די קינדערשע הערצער די דאזיגע גוטע מדות, אפילו אויפ'ן בעסטען אופן. אז קינדער טהוען נישט קיין שלעכטעס דערפאר, ווייל זיי האבען מורא פאר בעשטראפען, איז זיך נישטא מיט וואס צו פרייהען, און אויב מיר סטארען זיך נישט צו האלטען די קינדער אין דער מורא נאר כדי זיי זאלען זיך גוט אויפפיהרען, אלא מיר ווילען באמת איינפלאנצען ביי זיי ליעבע צו ארבייט, וויסענשאפט, גוטסקייט און ערליכקייט, דארפען מיר אויסקלערען גאר אנדערע מיטעל, מיט וועלכע מיר דארפען מלחמה האלטען מיט זייערע שלעכטע מדות און געוואהנהייטען.

צום סוף וויל איך נאך זאגען א פאר ווערטער וועגען די מעטהאדע אויסצופרעגען קינדער. מיט דיעזער מעטהאדע בעניצט מען זיך שוין לאנג אין דער אייראפעאישער לעהרער־וועלט ווי אויך אין אמעריקא, כדי אויסצולערנען די נשמה פון די קינדער און די פער־שיעדענע בעדערפנישע פון קינדערשען לעבען. דאס אויספרעגען ביי קינדער קען דיענען נישט נאר כדי צו בעקומען דערפון וויסענ־שאפטליכע רעזולטאטען, נאר זיי קענען אונז אפט דיענען אלס וועג־ווייזער ביי'ן צוזאמענשטעלען פון פראגראמען איז שולען. אציגד, ווען די פראגע וועגען ערציעהונג און לערנען איז געווארען אזוי וויכטיג, אציגד, ווען מען פערגיעסט גאנצע ימים טינט פאר אדער געגען אזא און אזא פראגראמע, אציגד איז בעזונדערס וויכטיג פאר אונז, מעהר בעקאנט צו ווערען מיט די פסיכאלאגיע פון די קינדער און די בעדערפנישע פון זייער לעבען. חדר־קינדער, וואס זענען שוין אלט 10 יאהר, קוקען שוין כמעט אויף אלערליי שאלות, וואס קומען פאר אין זייער לעבען, אין גאנצען כמעט ווי דערוואקסענע מענשען, און וועלען אהן א שום ספק ענטפערען ריכטיגע תשובות אויף אזוינע שאלות ווי, למשל, וועלכע למודים איז זיי אנגענעהמער און וועלכע איז נאך זייער מיינונג ניטצליכער צו לערנען, וואס איז זיי לייכטער וועלכע שווערער אויסצולערנען? וכדומה. עס פערשטעהט זיך, אז די פראגראמע פון אויספרעגען קינדער דארף זעהר פארזיכטיג און מיט בעדאכט אויסגעארבייט ווערען, און דעריגען דארפען ארבייטען לעה־רער ספעציאליסטען, וואס זענען אין גאנצען איבערגעגעבען צו דער ערציעהונג. עס וואלט זעהר גוט געוועזען, אז די נייע תקנות אין דער ערציעהונג זאלען געמאכט ווערען פון מענשען, וואס זענען בעקאנט מיט אלע שאלות פון קינדערשען לעבען און ווי ווייט עס איז נאר מעגליך זאלען קינדער אליין אויך נעהמען איין אנטהייל אין דעם.

אלישבע ראבינאוויטש.

---

# ליעבע

(ערצעהלונג)

פון

## דוד פינסקי.

די יונגע קינדבעטארין איז געלעגען אויפ'ן בעט און האט נישט געקאנט אברייסען די אויגען פון איהר פינף־טאגיגען ערשטלינג, וועל־כען די אקושערין האט געבאדען. איהרע אויגען האבען אויסגעדרוקט גליק און פערגעניגען, אבער אויך פיעל רחמנות צום נפש'ל, וואס האט שרעקליך געשריען אין די הענד פון דער יונגער אקושערין. די טהיר פון צימער האט זיך אויפגעעפענט און עס האט זיך בעוויעזען א קאפ פון א יונגען מאנסביל און א סאמעטענער אכטקאנטיגער יארמאלקע. די קינדבעטארין האט א קוק געטהון אויף דעם קאפ און געשווינד פער־ריכט דאס ווייסע זיידענע טיכעל, וואס האט פארדעקט איהרע האר, ווי עס פאסט פאר א פרימע יודישע טאכטער. זי האט דאך געלאזען ארויסשטעקען א בינדעל געקרייזעלטע האר איבער דעם שטערן. דאס איז איהר זעהר געגאנגען צום געזיכט. זי האט אויך געוואוסט ווי צו פערדעקען דעם קאפ. דאס טיכעל, וואס איז געוועזען פערבונדט הינטער די אויערען און פערבונדען אונטער'ן האלז מיט א שלייף, האט ארומגענומען איהר שען פנים, ווי א ראם און שארפער ארויסגעשטעלט די ווייסקייט און צערטליכקייט פון דער הויט.

— ווי עס שרייט, — האט דער קאפ געזאגט, מיט א ליעבען שמייכעל.

— ער קאן געביך דאס באדען נישט ליידען — האט די מוטער געענטפערט מיט רחמנות.

— איך וועל איהם געבען, ער וועט ביי מיר שרייען — האט געזאגט די אקושערין, וועלכע האט די גאנצע צייט אונטערגעשמועסט מיט דעם קליינעם קאוואליער אין איהרע הענד און געבעטען איהם, ער זאל אזוי נישט ליארמען, אז נישט וועט זי איהם ארויסווארפען אויפ'ן גאס.

— ס'איז איהם קאלט, — האט דער קאפ געזאגט.

— ער נעמט זיך איבער, — האָט די אַקושערין געוויצעלט, — נאָר איהר דערוואַייל פערמאַכט די טהיר, עס ציהט פון דאָרטען אַ ווינד.

דער קאָפּ האָט זיך אומגעקוקט, בעמערקט איין אָפען פענסטער אין דעם צימער, וואו דער איבריגער טהייל קערפער איז געשטאַנען, דערשראָקען זיך און איז נעלם געוואָרען. די טהיר האָט זיך צוגעמאַכט.

די אַקושערין האָט געענדיגט דאָס באָדען, פערוויקעלט דאָס קינד און צוגעטראָגען עס צו זיין מוטער, וועלכע האָט עס שוין ערוואַרט מיט אונגעדולד. מיט אינפּעט האָט זי אַרומגענומען דאָס קינד, געטשמאָקעט מיט די ליפּען, אַרויסגעגעבען מאָדנע פערגעניגטע טענער און אַריינגערוקט איהם די ברוסט אין מויל. איהר קערפּער האָט געציטערט פאַר תענוג. זי האָט זיך איינגעגעסען מיט די אויגען אין דאָס קינד, געדריקט עס צו זיך, בעדעקט עס מיט לאַנגע, וואַרמע קושען און צוגערעדט מיט אַ קול פול גרויסער ליעבע: „זוהעניו, טאַטעניו, האַרצעניו!“ אָדער ווידער אַרויסגעגעבען איהרע מאָדנע פערגעניגטע טענער: „אוהוהו, אוהוהו אוהוהו!“

די יונגע אַקושערין איז געשטאַנען נעבען בעט און האָט זיך צוגעקוקט. די שטאַרקע סצענע פון דער גליהענדע מוטערליעבע האָט געפונען איין אָבקלאַנג אין איהר מיידעלשען האַרץ, און אין איהרע אויגען און אויף איהרע ליפּען האָט זיך צונאָסען אַ ווייכער, ליעבער שמייכעל.

— איהר זענט גליקליך, יאָ? האָט זי געזאָגט, אום מיט עפּיס אַרויסרעדען, פריי לאָזען איהרע געפיהלען. זי האָט זיך צוגעזעצט אויף דעם בעט און פריינדליך אַרויפגעלעגט די האַנד ביי דער קינדבעטאָרין אויף דעם שטערן.

„או-ו-ו!“ האָט די קינדבעטאָרין אָבגעענטפערט און צוגעדריקט צו זיך דאָס קינד נאָך שטאַרקער. דאָס קינד איז איינגעשלאָפען. די אַקושערין האָט עס געלאָזען אַ ווײַלע ליעגען, די מוטער זאָל זיך זאַט אָנקוקען, און דערנאָך האָט זי עס צוגענומען, אַריינגעלעגט אין וויעגעל און איז צוגעגאַנגען צו דער קינדבעטאָרין. יענע האָט זי בעגעגענט מיט אַ זיסען, גליקליכען שמייכעל, אָנגעכאַפּט זי פאַר ביידע הענד און צוגעצויגען צו זיך.

— יאָ, איהר קאָנט ליעבען, — האָט די אַקושערין געזאָגט.

דאָס יודישע ווייבעל מיט דעם פערדעקטען האָר האָט נישט רעכט פערשטאַנען, וואָס זי מיינט. עס האָט נאָר שטאַרקער צוגעדריקט צו זיך די אַקושערין, אינסטינקטיוו ענטפערענדיג איהר.

— האָט איהר עפּיס שטאַרק ליעב אייער מאַן? — האָט דאָס מיידעל געפרעגט. זי האָט געוואוסט דעם ענטפער, נאָר עס האָט זיך איהר געוואָלט רעדען פון ליעבע, פיהלען און איבערפיהלען מיט דעם ווייבעל צוגלייך.

„אַ!“ האָט די קינדבעטאָרין געענטפערט און געדריקט די פויסטען און די ציין. זי האָט קיין ווערטער נישט געפונען. איהרע אויגען האָבען געשטראַהלט פאַר ליעבע און גליק.

די אַקושערין האָט אָנגעשטעלט איהר בליק אויף דאָס ליעבענדע ווייבעל, אַ שמייכעל געטהון און פערטיפט זיך אין געדאַנקען. זי האָט נאָך קיינמאָל נישט געליעבט — —

אין צימער איז געוואָרען שטיל, אַנגענעהם שטיל, די לופט איז געוועזען אָנגעפילט מיט ליעבע.

— ווי איך ליעב מיין מאַן איז — אַ גרויל! — האָט דאָס ווייבעל איבערגעריסען אין אַ ווײַלע אַרום די שטילקייט.

דאָס מיידעל האָט זיך ווי ערוואַכט, אַ שאָקעל געטהון מיט'ן קאָפּ, ווי זי וואָלט וועלען עפּיס אַראָבוואַרפען פון זיך און איהרע אויגען האָבען זיך ווידער אָנגעהויבען בעוועגען. דאָס ווייבעל האָט אָבגעהאַקט, נאָר באַלד ווידער אָנגעהויבען צו רעדען.

(פאָרטזעטצונג קומט).

---

## וועגען די ציידהנער.

ווי פיעל צייהנער איז ביי אַ מענשען אין מויל? אויף דער פראַגע וועט קיין יוד ניט ענטפערען. זיי וועלען נאָר אויסלאַכען: ווער צעהלט דאָס צייהנער? יעדע יודענע ווייסט גענוי, וויפיעל גרויפּען זענען דאָ ביי דער שכנה אין טאָפּ; יעדער יוד ווייסט „ריכטיג“ וויפיעל הובות עס האָט אויף זיך דער צווייטער קרעמער... נאָר קיין צייהנער צעהלט ניט אַ יוד, חלילה! מע זאָל דאָס נאָר זאָגען אַ יודען, וועט ער באַלד מיט אַ כעס ענטפערען: „צעהל דיינע צייהנער אין מויל“... עפּיס רעכענט אַ יוד, אַז אַ מין כשוף ליעגט אין דעם צעהלען, און ער האָט פאַר דעם מורא, ווי פאַר „עין-הרע“...

די געלעהרטע האָבען די צייהנער אין מויל געצעהלט און האָבען געפונען, אַז ביי איין דערוואַקסענעם מענשען זענען דאָ נאָר צוויי-און-דרייסיג צייהנער אין מויל, אָבער זיי האָבען געצעהלט די צייהנער! צעהלען און מעסטען — דאָס איז, קאָן מען זאָגען, די נשמה פון דער וויסענשאַפט. נאָר געצעהלט, געמאָסטען און צוגעקוקט זיך, און מען האָט בעמערקט, אַז ביי אַ קינד אין מיילכעל וואַקסען נאָר אויס צוואַנציג צייהנדליך. זיי הויבען אָן צו אויס שניידען זיך אויפ'ן 6—7-טען מאָנאַט אונגעפעהר, פּאַרוויז שניידען זיי זיך אַדורך אין געוויסע ציימען ביז ענדע דעם צווייטען יאָהר, אָדער נאָך שפּעטער. — די צייהנדליך רופען זיך: „מילך-צייהנער“. אויפ'ן 6—7-טען יאָהר הויבען זיך אָן אָט די צייהנדליך צו בייטען זיך אויף אַנדערע. אַנשטאַט די ערשטע וואַקסען אויס אַנדערע, שטאַרקערע, עטוואָס גרעסערע, וואָס רופען זיך: „שטענדיגע צייהנער“. אַזוי וואַקסען אויס די שטענדיגע צייהנער ביז דעם 14-טען יאָהר בערך, אויף דעם אָרט פון די „מילך-צייהנער“, וואָס פאַלען אַרויס צו יענער צייט פון מויל. די קינדער בעקומען אַזאַ צאָהן פון מויל, וואָס האָט זיך אויף „אַ האָר געהאַלטען“, צי שוין טאַקי אַרויס געפאַלען, און פערוואַרפען איהם אויפ'ן אויבען מיט אַ צושפּרעך דערביי: „באַביטשקע, באַביטשקע! (אַנדערע זאָגען: „מייזעלע-מייזעלע!“) נאַ דיר אַ ביינערנעם צאָהן, און גיב מיר איין אייזערנעם צאָהן“... ווי עס זעהט אויס — ערוואַרטען זיי אַ שטאַרקערען צאָהן אַנשטאַט דעם שוואַכען.

נאָר פיער צייהנער פון די „שטענדיגע“, וואָס וואַקסען אויס אויף די עקען פון דער רייהע צייהנער, פון ביידע זייטען, אויבען און אונטען, — זיי פערשפּעטיגען און שניידען זיך אויס ערשט אין די יאָהרען פון 17 ביז 25, זעלטען אויך שפּעטער נאָך. די פיער צייהנער רופען זיך „ווייזע-צייהנער“, און ווי אמת'ע חכמים לאָזען זיי אויף זיך וואַרטען, און קומען ערשט אָן צום מענשען, ווען ער ווערט שוין אַ בר-דעת גאָר אין גאַנצען...

אַזוי האָבען די געלעהרטע געצעהלט די צייהנער אין מויל ביי קינדער און דערוואַקסענע; זיי האָבען געצעהלט די חדשים און די יאָהרען, ווען זיי שניידען זיך דורך. זיי האָבען גאַנצע צייהנער מיט די וואָרצלען בעקומען, צעהאַקט און צוגעקוקט זיך אינעווייניג, וואָס

און ווי זיי זעגען, און זיי האבען זיך דערוואוסט, אז א צאהן בעשטעהט פון די פאלגענדע פיער טהיילען:




„א“ — א טהייל פון צאהן, וואס רופט זיך „רעגטין“ און איז דער גוף פון דעם צאהן; „ב“ — עמאל: דער איסערליכער און גלענצענדער פלאסט, וואס איז אנגעטהון אויפ'ן „רעגטין“ ווי א היטעל און פערדעקט דעם חלק פון צאהן, וואס זעהט זיך ארויס אין מויל; „ג“ — „צעמענט“: אויך איין אויסערליכער פלאסט, וואס דעקט צו די ווארצלען. די דריי טהיילען זענען דאס די הארטע מאסע פון צאהן, וואס ענטהאלטען אין זיך קאלך־זאלצען, פאספאר א. ז. וו. אינעווייניג אבער אין דעם צאהן פערבארגען ווי אין א העהלע, וואס ציהט זיך פון די ברעגען אן פון די ווארצלען, ליעגט דער „צאהן־נערוו“ — „ד“.

(ענדע קומט).

דענטיסטין ג. ציפין־לעווין.

## פאר די מוטערס.

### וועגעטעראניזם און קינדער.

די לעהרע וועגען וועגעטעראניזם — דאס הייסט וועגען דעם, אז מען זאל עסען נאר געוויקסע, און פריכטען, געפינט זעהר וועניג איינגאנג אין דער מאסע. די רייכע קלאסען מענשען מיינען אלע, אז פלייש גיט פיעל קראפט, און בעווייזען זיי, אז זיי האבען אמעות, איז זעהר שוועהר. אנ'ערוואקסענער מענש, וועלכער איז פון קינדהייט אן צוגעוואהנט צו פלייש, אדער, ריכטיגער געזאגט, צו געמישטע שפייזען, וועט זיך קיין מאל ניט ענטשליסען אפצוזאגען זיך פון פלייש און מיט אמאל אנהויבען עסען נאר פלאנצען־שפייזען און פריכטע. און אז ער זאל דאס וועלען יא טהון, קען דאס זיין מאגען און דער גאנצער גוף נישט פערטראגען. דער געברויך פון געוויקס און פרוכטען קען זיין אמאל נוטצליך נאר קראנקען מענשען, ווי מען ברויכט עס צו זיין רפואה. עס איז ריכטיג, אז געוויקסע און פריכטען זענען זעהר גוט פיר צוקער־קראנקהייט, מיט איין ווארט דארט: וואו עס איז נייטיג די „הונגעריגע דיעטע“.

גאנצע פעלקער נעהרען זיך איבערהויפט מיט פלייש, ווייל ביי זיי זענען אנדערע שפייזען ניט דא, צום ביישפיעל די פעלקער וואס וואהנען אין צפון זייט פון דער ערד, אבער אויך אלע איבעריגע פעלקער זענען שוין אויך זעהר געוואהנט צו פלייש. רייזענדע ערצעהלען אז אין אפריקא זענען די נעגער אזוי געוואהנט צו פלייש, אז ווען זיי האבען ניט קיין פלייש צום עסען ווערען זיי קראנק.

דער כלל איז: וואו נאר פלייש צוזאמען מיט געמישטע שפייזען איז געווארען זעהר נייטהיג פאר דעם מענשען, דארטען איז דעם מענשען ניט מעגליך כמעט פון דעם זיך אבצוגעוועהנען. אויך די גאנצע אויסבילדונג פון די שפייז־ארגאנען ווייזט אויף די נייטהיגקייט פון נאהרונג מיט פלייש און געמישטע שפייזען.

די פראגע וואס איז געזונדער פאר דעם מענשען פלייש אדער ניט פלייש, לאזען מיר איבער די געלעהרטע, נאר פאר יונגע קינדער איז געוויס בעסער ווייניגער פלייש און זעהר גוט טהון די עלטערען, וועלכע שטערען ניט די קינדערשע נאטירליכע ליעבשאפט צו פרוכטען און צווינגען זיי ניט צו פלייש. עס איז א גרויסער טעות צו קלערען, אז קינדער מוזען עסען נאר פלייש, בוליאן (א־יאיכעל) און ווין, כדי זיי זאלען ווערען געזונד און שטארק.

די הויפט־נאהרונג פון א קינד ביז 4 יאהר לכל הפחות, ברויכט צו זיין מילך, רייז, האבערנע קאשע, גרינס־פריכטע און ווייצען־ברויט. וואו נאר מעגליך איז זאל מען איהם ניט געבען קיין פלייש. אויך ברויכט מען איהם ניט געבען פליישיגע זופ, טהעע און קאפע. קאקאו מעג מען איהם יא געבען. זעהר שעדליך איז פיר קינדער בראנפען, וויין און ביער. ביז 15 יאהר ברויכען קינדער ניט טרינקען שטארקע משקאות און זעהר וועניג טהעע און קאפע. די נערווען־קראנקהייט איז אפשר אזוי אפט היינטיגע צייטען, ווייל מענשען הויבען אן צו פריה — פאר דער צייט — טרינקען שטארקע געטרענקען. ביי ערוואקסענע מענשען פערגרעסערט זיך די תאוה צו שטארקע געטרענקען, מחמת צו פיעל פלייש עסען. קינדער מוז מען געבען מילך, אייער און פוטער. דאס וועט געוויס ניט שאדען דעם געזונד פון די קינדער.

יוסף גבריאלוב.



Herausgeber Verlag »Volksbildung«. Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau. Druck v. S. L. Deutscher, Podgórze b. Krakau.